פרץ מאַרקיש

# דער גאַלאַגאַנער האָן

צייכענונגען — י. טשאַיקאָוו



כלל־פאַרלאַג
בערלין, 1922 - תרפ״ג

*KLAL-VERLAG / BERLIN SW 68 / MARKGRAFENSTR. 73*



אָנים
מְעָדנים
טרינקען קוואַס,
גיי צו מיין יינגל —
יינגל לאַס.
פאָרט אַ וואָגן
נאָכצוויאָגן,
קוטשער קאַטשער אַרויס,
פלידט אַ פלעדער, אַ מויז.

— — — — — — — —

הינטער
אַ צווינטער
איז אַ טאָל,
לויפן דאָרט וואַסערלאַך
אָהן אַ צאָל.
באָרוויסע קאַטשקעס
גייען קאַזאַטשקעס, —
ביי די גרויסע פרעסט
זיצט אַ אינדיק אויף קעכט.

— — — — — — — —

אויפן
אויוון
זיצט אַ קאַץ,
שרייבט מיט ווידעלע
אויף אַ טאַץ.
אויף צו רודערן
גייט מיט פלודערן —
גלייך אַריין אין קאָן
אַ גאַלאַגאַנער האָן.

— — — — — —

האַלט זיך גרויס
בײַ זיך די פּאַווע,
רעדט מיט קײנעם ניט
קײן וואָרט אויס,
קײַקלט אויס
די שײנע פֿליגלען,
און פֿאַרפּוצט זיך
מיט איר צירונג,
מיט די פּאַצירקעס
און שמאָכטעס, —
אויף אַ שידוך
אויף אַ גרויסן
פֿון אַ יחוס
פֿון אַ פֿײַנעם,
ווערט זי וואַרטנדיג
ניט מיד.
גײען פּיס זיך אָפּ
שדכנים
פֿון די שענסטע
בעלי־מלאכות,
פֿון די פֿײַנסטע
בעלי־בתּים,
סײַ פֿון אינדיקעס
און קאַטשקעס
און אַזוי פֿון
שײנע פֿײגלען,
פֿון חזנים
איבער וועלדער —
לאָזט זי קײנעם
גאָר ניט רײדן,
לאָזט צו זיך
ניט טון קײן טריט.

שדכנט זיך
פֿון גאַלאַגאַנעס,
פֿון די גרעסטע
גאַלאַגאַנעס,
אויך אַ גאַלאַגאַנער האָן,
און מיט מײַשקעס
און מיט ברײטע
מיט אַ העליש
רויטער פּאָן, —
וויל זי גאָר
פֿון אים ניט הערן,
שטײט דער שידוך
איר ניט אָן,
זיצט זי זיך
אַזוי פֿאַרזעסן,
וויל דאָס טעלערל
פֿון הימל.
און פֿון זיצן
ווערט ניט ייִנגער
און פֿון קלערן
ווערט ניט שענער,
און די צײַט
געוויינטליך גײט —
איז זי, דאַנקען גאָט,
געוואָרן
שוין אַן אַלטע
אַלטע מויד.

## 2.

קומט צו איר
אַן אַלטע באָבע,
אַ פֿאַרשטעלטע
אַ מכשפֿה,
מיט אײן אײגל
איבער שטערן,
ווי אַ ברונים
אויסגעגראָבן,
אָהן אײן צאָן
אין מויל אין ברײטן,



וואָס עס האַלט זיך
אויף איר פּנים,
ווי אַ האַק וואָלט
אויסגעהאַקט עס,
און מיט יאַסלעס
און מיט הוילע...
קייעט באָבע
ווייכע ווערטער.
און די גדלָנטע
די פּאַווע
שטיל זי דרודלט
אָן אַזוי:
„שיינע פּאַווע,
טאָכטערניע,
כ׳האָב פֿאַר דיר
אַ גרויסן שידוך,
ווי עס קומט דיר,
שיינע פּאַווע.
כ׳קען דיין
גאָלדענע משפּחה,
כ׳ווייס, פֿון וואַנען
קומסטו אַרויס.
האָב איך איצט
פֿאַר דיר אַ חתן,
כ׳האָב דעם גרעסטן
קיסרס זונדל
פֿונם גרעסטן
קיסרס הויז׳.
פּאַווע ט׳אויפֿגעשטעלט
די פֿליגלען,
גלייך אינגאַנצן
זי׳ז ניט מסכּים.
און דער באָבעס
ווייכע ווערטער
ווייטער גאָרנדיג
געהערט:
„איצטער זאָג מיר,
שיינע פּאַווע —
איר געזאָגט האָט
ווייטער באָבע, —
וואָס זשע האָסטו
עפּעס נדן,
וואָס פֿאַרמאָגסטו
עפּעס זאַכן
צו דעם קנסמאָל
צו דעם גרויסן
מיטן שיינעם
קיסרס זונדל
פֿונם שיינעם
קיסרס הויז׳?
אויסגעדרייט האָט
זיך די פּאַווע,
פֿול מיט גאווה
פֿאַר דער באָבע,
און געענטפֿערט
איר אַזוי:
„האָבן האָב איך
שיינע העמדער,
גאָלדענע
פֿאַרמאָג איך פֿליגלען,



און פון גינגאָלד
האָב איך שיכלאַך
און פון פערל
אויסגעניייטע
שפּאָגל נייע
תּופֿהדקליידער;
און איך האָב נאָך
גוטע זאַכן,
וואָס איך קאָן
גאָר ניט געדיינקען;
און אַליין בין איך
אַ שיינע,
און אַ שיינע כ׳בין,
ווי גאָלד".

„ביסט געדעכט
אַדאַי, פּאַווע, —
איר צוריק
געזאָגט האָט באָבע —
אַלצדינג זעה איך,
שיינע פּאַווע,
מיט געניט
שדכניש אויג.
כ׳זעה שוין, אַז דו
ביסט אים ווערט
אָט דעם גרויסן,
פיינעם שידוך
פון דער קיסרשער
משפּחה.

טו זשע אויס מיר
דיינע שיכלאַך
און פון דיינע
גאָלד׳נע פיסלאַך,
כ׳וועל זיי איצט
אַוועקגיין ווייזן
אָט דעם שיינעם
קיסרס זונדל
פונם שיינעם
קיסרס הויז.
און איך וועל אים
שוין דערציילן
פון דיין יחוס,
פון דיין שיינקייט,



זאָגן כ'וועל
פון דיין עשירות
און ווי פיין דו ביסט
און גרויס.
טו זשע, פּאַווע,
שוין זיי אויס" ...
ווייל שוין פּאַווע
גאָר ניט טראַכטן,
גאָר ניט טראַכטן,
גאָר ניט קלערן,
אָנגעבלאָזן זיך
מיט גאוה
און די שיכלאַך

פון די פיסלאַך
האָט אַראָפּגעצויגן
תּיכּף
און זיי אָפּגעגעבן
באָבען.
איר געהייסן
מאָרגן-קומען
פונם קיסר
מיט א סימן,
מיט מתּנות
פון זיין זון.
נידעריג האָט זיך
די באָבע
אָנגעבויגן

פאַר דער פּאַווע,
גוט באַטראַכט
די שיינע שיכלאַך,
זיי אַריינגעלאָזט
אין אייגל,
וואָס סע קוקט
ביי איר פון שטערן,
ווי א ברונים
אויסגעגראָבן,
און איז תּיכּף
ניט געבליבן,
גלייך זי'ז קיינמאָל
ניט געווען ...



## 3.

טרייבט שוין פּאַווע
די שדכנים
מער ווי פריה'ר
און מער ווי שטענדיג,
זידלט זיי מיט
די חתנים,
פון די גרויסע
גאַלאַגאַנעס
לאָזט זי ניט
צו זיך אויף שוועל,
לאָזט זי ניט
צו זיך אין הויף.
וואַרט אַ טאָג,
אַ וואָך, אַ חודש
אויף דער באָבעס
מאָרגנדקומען
מיט מתּנות
פונם קיסר,
פונם קיסרס
שיינעם זונדל.
הויבט די פליגלען
אָפּ און אויף . . .
און די פּיסעלאַך
די שיינע
פון דער קעלט
און פונם באָרוויס
ווערן מיאוס
און אומגעלומפּערט
און מיט בראָדשווקעס
באַוואַקסן —
נ'ווי מיט פּאָסטעלעס
מיט גראָבע
זעהען פיס
ביי פּאַווען אויס . . .





4.

און דער האָן
דער גאַלאַנאַנער,
וואָס אויף גרלנטע
דער פּאַווע
שטיל געוואָרפן
האָט אַן אייגל —
וואו מען זייט אים ניט,
דאָרט וואַקסט ער;
פרעגט מען עמיצן,
ער ענטפערט;
וואו אַ פּאָר,
איז ער דער דריטער
גיט מען ערגעץ
נאָר אַ טריט,
איז ער דאָ שוין
אין דער מיט.

5.

זוכט זיך פלעדערמויז
פּרנסה,
גייט זיך אינדיק
דורך שפּאַצירן,
קומט ער באַלד זיי
אויפן וועג אָן:
,חבֿרה באַרלאַך,
קו — קאַ — רע — קו!
קוקט מען שטיל זיך
אין די אויגן,
מיט די העלזער
אויסגעצויגן,
און מען ווערט
אויף גיך באַקאַנט.
ווייס ניט קיינער,
וואָס צו טון,
און קיינער ווייס ניט,
וואָס צו זאָגן:
נעם און שלאָג זיך
קאָפּ אָן וואַנט.
רעדט ער אויס זיי



שטיל די הערצער
פון דער צייט
און פתם מזל,
פונם שווערן,
ביטער מזל.
קלאָגט דער האָן זיך
אויף דער פאווע,
פלעדערמייזל —
אויף פרנסה,
אינדיק — סתם זיך
אויף דער וועלט.
קיינעם, קיינעם
אזא לעבן,
אזא לעבן

ניט געפעלט.
האָבן זיי זיך
אַלע נ'דרייען —
אינדיק, מויז
מיט גאַלאַגאַנער —
אַלע שטיל גענומען
טראַכטן
צען פאַרטאָגן,
צען פאַרנאַכטן,
וואָס זיי זאָלן טון.
האָט אַ פלודער
באַלד פאַרצויגן
און פאַרגלאָצט
צו גאָט די אויגן
פון זיי אַלעמען
צום ערשטן

דער באַקליידטער האָן.
הויך זיין פענדל
האָט פאַרהויבן,
אַז מען זאָל אים
אַלע גלויבן,
און פאָראויס
געטאָן אַ שפאַן
און צום ערשטן
מאָל זיין עצה
מיט אַ פאָבע
איבער פלייצע
זיי געזאָגט
האָט גאַלאַגאַן:
„לאָמיר אַלע,



זיך פֿאַרפּרצן,
ווי די גרויסע
לייט פֿון האַנדל,
ווי די סוחרים,
ווי די פּריצים,
און זיך לאָזן

אויף אַ ווייטן,
אויף אַ ווייטן
וועלט־דירה.
האַנדלען, קויפֿן
און פֿאַרקויפֿן,

וועלט באַטראַכטן
און ניט וואַרטן —
גיכער גיין
אין אַ לאַנד,
דאָרט וואו קיינער
קען אונז ניט".

6.

אַלע סוחרים
אויף דעם איינפֿאַל
זיינען מסכּים
באַלד געוואָרן.
שיין געדאַנקט
דעם גאַלאַנאַנער

פֿאַר דער עצה
פֿאַר דער גרויסער,
פֿאַרן פּאָכע
איבער פּלייצע
און געזאָגט
צו אים אַזוי:
„מיט אַזאַ
באַרימטער חכמה

קאָנסטו ערגעץ
אין די וועלטן,
אין די גאָרע
ווייטע וועלטן,
איבער קיסרים
קיסר זיין".



7.

און פאַרפוצט זיך,
ווי די פריצים,
ווי די גרויסע לייט
פון האַנדל,
זײַנען אַלע
גלייך אַוועקגאַן
אויפן וועלט־יריד
נ׳דרייען
דורך אַן אַלטן,
אַלטן וואַלד.

און דערזען
האָבן דאָרטן
אויף אַ בוים
און אויף די צווייגן,
אויף די אַלטע
בוימער־צווייגן,
זיצט דער וואַלדמאַן
פון די וועלדער,
וואַרפט זיך קאָרטן,
טרעפט אויף בלעטער, –

טרעפט אויף בלעטער
שטילערהייט.
און ער הערט זיך צו
פון ווייטן
און באַקוקט זיך
אין די זייטן,
ווי אין וואַלד־וועג
אים אַנטקעגן
און פאַרבײַ אים
עמיץ גייט.



8.

ניט דערשראָקן
זיינען ווייטער
אַלע גרויסע לייט
פֿון האַגדל, —
אַלע פּריצים,
אַלע פֿיינע
צו דעם וואַלדמאַן
צו דעם גרינעם
אַלץ גערוקט זיך
און גערוקט.
און דער וואַלדמאַן
איז אַראָפּגאַן
פֿונם בוים
און פֿון די צווייגן
און באַגריסט
די שטאָלצע גייערס
מיט אַ נידעריגן
נייג זיך.
און זיך נייגנדיג
די פּריצים,
די באַרימטע לייט
פֿון האַגדל,

האָט ער שטיל
צו זיי געווענדט זיך
מיט אַ מענשןקול
פֿון וועלדער



און אַזוי צו
זיי געזאָגט:
„שיינע פּריצים,
פֿיינע פּריצים!
כ'ווייס פֿון לאַנג שוין,
וואו איר גייט.
זיצנדיג דאָ
אויפֿן בוימל,
אויפֿן צווייגל,
אויפֿן אַלטן
בלומען־צווייגל,
ווייס איך אַלעס
שטילערהייט.
הערט זשע, פּריצים,
הערט זשע, פֿיינע,
טאָמער גייט איר
דאָרטער גלייך,
וועט אַ טויטער
איינער פֿאַלן,
שיינע פּריצים,
באַלד פֿון אייך.
לינקס פֿון דאַנען

פליסט אַ טייך,
נאָר פון אייך
ווער ס'איז אַ גרויסער,
גרויסער לערנער
און אַ חָכָם
און פאַרשטייט
דעם גאַנג פון צייט,
קאָן ער ווערן
גיך אַ קֵיסר,
אויב זיך געמען
באַלד פון דאַנען
וועט ער נאָר

צו רעכטער זייט״.
— — — — — — — — —
און געענדיגט
אַז ער האָט נאָר



פאַר די פּריצים
פאַר די גרויסע,
פאַר די האַנדלסלייט,
צופוסן
באַלד אַ נידעריגן
נייג זיך
ער געגעבן
האָט דער ערד.
און אים זעהן
פון די גייערס
האָט שוין קיינער
ניט געקאָנט . . .



האָבן זיי גענומען
טראַכטן
צען פאַרטאָגן,
צען פאַרנאַכטן,
וואָס זיי זאָלן טון.
זיך געבלאָזן
האָט דער אינדיק
און די מויז איז
אומגעלאָפן,
ווי, חלילה,
א פאַרסמטע.
האָט געזאָגט זיי
שטאָלצער האָן:
„אויב איר שרעקט
זיך מיט מיר גיין,
קער איך אָפּ
פון אייך אַליין.
כ'דאַרף די וועלט גיין
צו באַקוקן,
צו באַקלערן,
צו באַטראַכטן,
ווען מען טו איך
שטענדיג וועקן,
שטענדיג וועקן,
שטענדיג קרייען".



*

10.

ס'האָט אים אָנגעכאַפּט
אַ דרימל —

און מיט זיי זיך
אָפּגעזעגנט,
איז דער האָן
אין וועג אַוועקגאַן,
און איך גאָרן וועג
איך ווייטן
שטיל פאַראומערט
און פאַטראַכט.
ס'איז שוין ווייט
געווען דער הימל,

שוין פון ד'רהיים
אַ ווייטע שטרעקע . . .
האָט ער אָפּגעלאָזט
פון פיקער
אין דער וועלט
אַ קיקאַריקו —
איז געפאַלן
איך דער נאַכט.
איך אַ פליט
אַרויסגעפלויגן

איז ער שטיל
מיט מידע אייגן,
און דאָס קעפל
אָנגעשפּאַרט האָט
אינטער וייך
און וואַרעם פליגל
און געלאָזט
איך זיך פון איבן
גיין איר וועג
דער שוואַרצער נאַכט.



## 11.

און געחלומט
האָט דעם האָן זיך,
אַז זיין וועג
ער האָט געענדיגט.
ער, דער לַמְדָן,
צייטנוויסער,
איז געוואָרן
שוין אַ קֵיסר,

און ער קוקט
איף די הענער
איבער גאָרע,
גאָרע וועלטן.
און די גַדלנטע
די פּאַווע
שוין צו אים
אַצינדער בעט זיך,

האַלט שַׁדְכָנים
און איין שיקן.
אַלע ציטערן
און שווייגן,
מיט די פליגלען
ניט קיין דריי,
ווען דער קֵיסר
גיט אַ קריי.





**12.**

און שאַריען
אַז גענומען
צום פֿאַרטאָגן
און צום אויפֿגאַנג,
און די זון איז
שוין געקומען,
האָט זיך אויפֿגעכאַפּט
דער גייער,
און אויף גיך
אַ קריי געגעבן,
קלערנדיג, אַז
אָט דער חָלום
איז אַ שלעכטער,

שלעכטער סימן . . . .
און אַ פּאָכע
מיט די פֿליגלען
און דעם איבערשטן
אַ תּפֿילָה,
וואָס די צײַטן
וואונדער בייט ער,
און אַ בויג
געטאָן זיך כּורעים
און אין וועג זיך
ווייט און ווייטער
איבער פֿעלדער,
איבער וועלדער,
איבער בערג
און איבער טאָלן,
טעג און וואָכן
און חַדָשים
איז ער ווייטער

אַלץ געגאַנגען.
אַלע נאַכט ער
לייענט קריאַת־שמע
און כּאוּר ער
לויבט דעם בּוֹרֵא,
ביז געקומען
צו אַ קרעטשמע
אין אַ רעגן־טאָג
אַ קאַלטן
אויסגעצוואָגן,
נאַסערהייט —
גאָר ניט לעבעדיג,
ניט טויט.

האָט אַ פּיק געטאָן
[illegible]
און אים עפּענען
אַרויסגאַן
און אַן אַלטע,
אַלטע באָבע
מיט אַ שטערן
מיט אַ גרויסן,
וואָס אויף אים
איז, ווי אַ ברונים,
אויסגעגראָבן
נאָר איין אויג.
גלייך דער האָן
האָט אויסגעצויגן
לאַנג זיין העלזל
און פאַרהויבן
הויך די פליגלען
און געמאָלדן
באַלד דער אַלטער,
צו דער ערד דער
נאַסער, קאַלטער,
טוענדיג זיך
שטיל אַ נויג:
,איך בין האָן
פון האָן מעֲדנים
פון די אַלטע
גאַלאַגאַנעס.
טראָג איך הויז,

לאַנגע הויזן,
מיט אַ פּעקל
שאַלאַמויזן,
מיט אַ גאָרגל
רייטן ווין.
טאַך זשע, אייגל,
ניט קיין טענות,
ניט קיין שאלות,
ניט קיין טענות,
און מיר גיבער
לאָז אַריין.
און אַריין ער
איז אין שטיבל
און אַרויף גלייך
אויפן בוידים,
באַלד געמאַכט זיך
אַ נאַסידע
אויף ביינאַכט,
געכאַפּט אַ דרימל.
און געווייַנטליך,



לויט זיין שטייגער,
האָט ער רעש'יג
אויפגעכאַפּט זיך,
ווען געקלאַפּט ס'האָט
צוועלף אזייגער —
און אַ פּאָכע
מיט די פליגלען,
מיטן גאַנצן האַרץ
אַ קריי.
האָט ער פּלוצים
פונם דרויסן
גאָר דערהיימט
אַ רווישיג זינגען,
און פון שווערדן
הילכיג קלינגען
און אַ סקריפּע
פונם טירל,
און אַ ריידע
פון גזלנים,
און ווי איינער
האָט געזאָגט,
אַז אין שטיבל
איז אַ פרעמדער
וואו פאַראַנען,
און אים ברייננגען
אויף דער אַלטער
האָט ער געבן
אַ געשריי.



## 14.

אונזער האָן
פֿון האָן מעָרנים
מאַכט קיין טענות,
ניט קיין מענות,
ווי עס פּאַסט פֿאַר
גאַלאַגאַנעס,
און אַ פּאָבע
מיט די פֿליגלען,
און אַ טרייסל
מיט די מייטקעס,
און אַ פּיק מיט
פּיקער נ׳דעכל,
תּיכּף אויסגעפּיקט

אַ לעבל — —
און אַ גוטן טאָג
דיר, שטיבל,
אַלטע באָבע,
שטערן־אייגל,
און גוזלים.
און ער לאָזט זיך
ווייט און ווייטער
איבער פֿעלדער,
איבער וועלדער,
איבער בערג
און איבער טאָלן

טעג און וואָכן.
אַלע נאַכט ער
לייענט קריאַת־שמע
און באַוויר ער
לויבט דעם בורא
און פֿאַר הונגער
מסך לייענט
און פֿאַרגייט זיך.
נעבן בערגל
דאָרט דערזעען האָט
ער פֿון ווייטן,
ווי אַ פֿאַרע
זיצט און וויינט.



גיך און ניכער
איז ער צוגאַן
צו דער עלנטער,
פאַרוויינטער,
און אַ פּאָכע
מיט די פליגלען
און געזאָגט
צו איר אַזוי:
„איך בין האָן
פון האָן מַעֲדָנים,
פון באַרימטע
גאַלאַגאַנעס,
גיי איך ווערן
איצט אַ קיניג,
אַז די גאַנצע
וועלט זאָל וויסן
זיין מיר אייביג
אונטערטעניג.
און דעריבער,
שיינע פּאַווע,
מעלד מיר, מעלד,
פאַרוויינטע פּאַווע,
זאָג מיר, זאָג
די שלעכטע סיבּה,
וואָס געמאַכט האָט
דיך פאַרוויינט.

ווען איך זאָל שוין
זיין אַ קֵיסר,
וואָלט איך פּאַר
אַ קֵיסרינע
איבער אַלע קֵיסרינעס,
באַלד, פאַרשטייט זיך,
דיך געקרוינט".
„גרויסער מאַן פון
גאַלאַגאַנעס, —
האָט נאָך מער
מיט טרערן פּאַווע
אָנגעהויבן זיך
צעוויינען, —
גרויסער מאַן פון
גאַלאַגאַנעס,
ווי אַזוי זאָל
איך ניט וויינען?
ווי אַזוי זאָל
איך ניט קלאָגן?
אַז געהאַט איך האָב
מיין אייגנס
אַ פּאָר שיכעלאַך
פון גאָלד,
און אַ באָבע
איז געקומען,
מיט איין אייגל
איפן שטערן,
מיר אַ פיינעם

שידוך ריידן,
און די שיכעלאַך
האָט געהייסן —
איך זאָל וויזן
איר מיין נדן.
האָב איך שיכעלאַך
געוויזן,
ווי זיי זיינען
פיין און שיין.
און אַ קוק
מיט איינעם אייגל
האָט זי געבן
איף די פיסלאַך
און איף שיכלאַך
און איז פּלוצים
ניט געבליבן,
מיך געלאָזט,
אַ כַּלָה, באָרוועס.
און מיט הוילע פיס
אין דרויסן
זיץ איך טאָג
ווי נאַכט און קלאָג,
זיץ איך טאָג
ווי נאַכט און וויין".
און געענטפערט איר
דער האָן האָט:

„וויין ניט, פּאַווע,
וויין ניט, שיינע,
די איינאײיגלדיגע
באָבע,
אָט די
שלעכטע באָבע, —
ווייס איך.
לאָמיך ווערן
נאָר אַ קֵיסר,
וועל איך תֵּיכֶּף
די באַפאַלן
מיטן גרויסן,
גאַנצן חַיל

נאַ מִלְחָמָה
מיט איר פירן,
און פאַר דײַנע
שיינע פיסלאַך
שיקן וועל איך
מיט אַ שיקער
גאָלד אַ גאַנצן זאַק,
און דו וועסט זיך
קאָנען מאַכן
שיכלאַך, שיך
אַ גאַנצן פּאַק".
און די רייד
אַז האָט געענדיגט,
האָט ער זיך

אַ נויג געגעבן
און: „אַ גוטן טאָג
דיר, פּאַווע,
דיר, פּאַרוויינטע,
און דיר, באָרוועסע".
און אַ פּאָכע
מיט די פליגלען,
און אַ ברייטן
קוקאַרעקו,
און געמאַכט
ער האָט שוין ווידער
גאָר אַ ווייטע,
ווייטע שטרעקע...





**16.**

טעג און נעכט
און גאַנצע וואָכן
איז דער האָן
געגאַנגען זוכן
זיין מלוכה
און זיין גורל,
זיין באַשערטע קרוין.
און דער גאַנצער
וועלט צו וויסן,
אַז ער גייט,
האָט ער געגעבן
מיט זיין האַרציג,
האַרציג קרייען.

*



**17.**

און אַזוי איז
ער געקומען,
אין אַ לאַנדן־לאַנד
געקומען,
דאָרט, וואו יעדער
איז פאַרנומען,
שטאַרק פאַרטראָגן,
שטאַרק פאַרנומען
מיט אַ לאַנגען,
לאַנגען שלאָף; —
אין אַ שטילן,
שטילן דרימלאַנד,
דאָרט, וואו אַלעס
איז פאַרשלאָפן
און וואו אַלעס
שטיל גענומען
האָט שוין שימלען,
פוילן, פאַלן;

אין אַ לאַנד, וואו
קיינער דרימלען
הערט גאָר קיינמאָל,
קיינמאָל אויף.



18.

און דער שטאָלצער
גאַלאַגאַנער
האָט אַוועקגעלאָזט
זיך שפּאַנען
איבער דרימלענדיגע
דערפער,
שטעט און שטעטלאַך,
גאַס און גאַסן,
ביז געקומען איז
אין קרויזשטאָט

גלייך
צום קיסרס שלאָס.
און דערזעהן ער
האָט דאָרט: אַלע
ליגן, שלאָפן,
ווי די טויטע,
שוין פאַרניליעט,
שוין באַוואַקסן,
ווי אַ פוילער דאַך,
מיט גראָז.
האָט אַ פאָכע
מיט די פליגלען

געגבן באַלד
דער גאַלאַגאַנער,
נ'אַ געשריי מיט
אַלע כּוחות
ער געטאָן האָט
קוקאַרעקו,
אַז פון דרימל
אויפגעכאַפּט זיך
האָט דאָס גאַנצע
טויטע לאַנד.



20.

און געמאַכט
אַ גרויסע סעודה
האָט דאָס לאַנד
פון לאַנגען שלאָפן,
און געפרייט זיך
מיטן קיסר,
מיטן נייעם
גרויסן קיסר,
מיטן
גאַלאַגאַנער האָן.

אַלע שבת
אים זיי טראָגן
איינגעמאַכטס מיט
וויין, מתנות,
און זיי זינגען
פאַר זיין גרויסקייט.
און דער אינדיק
קומט צו לויפן
מיט דער פלעדער־מויז
צו פליהען,

און זיי טאַנצן
אַלע אינאיינעם
פאַרן קיסרס
טיש אַ קאָן.

— 21.

נאָר עַד־הַיום
זיצט די פּאַווע
וויינט, באַווייגט זיך
טעג און יאָרן,
באָרוועס זיצט זי
נאָך אַ כּלה,

הערט דערציילן
וואונדער־מעשׂות
פונם גאַלאַגאַנער האָן.
און זי וואַרט נאָך,
וואַרט מיט טרערן
אויף דער באָבעס
מאָרגנדקומען,
אויף דעם גאָלד
און אויף די שיכלאַך,
אויף מתּנות
פונם קיסר,

פונם קיסר
מיט די פליגלען.
און זי ווייס ניט,
וואָס צו טראַכטן,
און זי ווייס ניט,
וואָס צו טון ...

